י. פּיראָזשניקאָוו

# געדאַנקען אין פּערזען

און

אַפאָריזמען

ISBN:0-657-12314-5

י. פיראָזשניקאָוו

# געדאנקען אין פערזען

און

## אפאָריזמען

מאַקס נ. מייזעל פאַרלאַג, 424 גרענד סטריט, ניו יאָרק

.1925



געווידמעט

צו מיין פרוי, פעני פיראָזשניקאָוו

# צוויי פריינד

(פילאָזאָפישע פאבעל)

עס זיינען זיך איינמאָל צוזאַמענגעפאָהרען
צוויי נאָהענטע פריינד פון פאַרגאַנגענע יאָהרען;
ווי האָבען נאָך קינדווייז צוזאַמען געשפיעלט זיך,
צוזאַמען געלערענט און גוט גלייך געפיהלט זיך,
די זעלבע געדאנקען געוועזען ביי ביידען;
דאָך שפּעטער — זיי האָבען געמוזט זיך צעשיידען.
עס זיינען פון דעמאָלט פיעל יאָהרען פערלאָפען,
זיי האָבען זיך צופעליג איצטער געטראָפען,
גענומען זיך איינער דעם אַנדערען פרעגען
וואָס ווער האָט דערגרייכט און מיט וואָסערע וועגען;
ס'האָט יעדער געוואָלט פון זיין פריינד זיך דערוויסען
אויב ס'האָט איהם געלונגען פון גליק צו געניסען.
—„איך מוז דיר", זאָגט איינער, „די ריכטיגקייט זאָגען:
„איך האָב ניט באמת אויף וואָס זיך צו קלאָגען;
„דאָס אַלץ, צו וואָס טויזענדע אַנדערע שטרעבען,
„דאָס אַלץ האָב איך לאַנג שוין דערגרייכט אין מיין לעבען;
„און דאָך קען איך קיינמאָל זיך גליקליך ניט פיהלען,
„עס רעגט זיך מיין גייסט אין מיר, כ'קען איהם ניט שטילען;
„איך זעה אין דעם לעבען בלויז פינסטערע זייטען,

„איך קוק אויף זיי, כ׳פיהל זיי פון נאָהענט, פון ווייטען.
„איך טרוי ניט דעם טאָג, און איך מיין, איך האָב רעכט;
„איך זעה איהם, דעם טאָג — ער איז צווישען צוויי נעכט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

—„און איך“, זאָגט דער צווייטער צום חבר צום ליעבען,
„און איך בין ווי אימער דער זעלבער געבליבען:
„מיין גלויבען אין לעבען איז פעסט ווי אַ מויער,
„עס שפּילט אין מיר לעבענס־פרייד, ס׳נעמט מיך קיין טרויער;
„דער קוואַל פון מיין גליק איז אין מיר און ניט אויסער—
„שוין דאָס וואָס איך לעב איז אַ גליק, און אַ גרויסער...
„ס׳קומט אויס מיר אָפילו ניט זעלטען צו ליידען,
„נאָר כ׳נעהם אַלץ מיט מוט, וואָס איך קען ניט פאַרמיידען:
„דו קענסט ניט בעזייטיגען דונער און בליצען—
„טאָ קלאָג ניט: דאָס וועט דיך פון זיי ניט בעשיצען.
„איך וויים, אַז ניט פיעל זיינען טעג פאַראַן גוטע,
„דעריבער פערליער איך קיין גוטע מינוטע...
„כ׳געפין אַ גענוס אין די בעסערע זייטען
„פון יעטווידער זאַך אי ביי זיך, אי ביי לייטען —
„אין דעם אַרט פון לעבען, אין דעם אַרט פון דענקען
„איז דאָ גענוג גליק מיך און פריינד צו בעשענקען...
„עס מעגען זיך פליהען די טעג און די יאָהרען,
„כ׳פיהל יעדען פריהמאָרגען ווי אָקאָרשט געבאָרען.
„עס שיינט מיר די זון, איך זאָל גליק קענען זעהען,
„דער טאָג איז מיר ליעב און מיין האַרץ טהוט זיך פרעהען—

„נאָר אויך ביי דער נאַכט געה איך מונטער מיין וועג:
„איך זעה זי, די נאַכט — זי איז צווישען צוויי טעג...”

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אָט די צוויי חברים — עס קען זיי די וועלט שוין,
מען האָט זיי צום משפט ניט איין מאָל געשטעלט שוין;
דער אורטייל?—מען וועט זיך נאָך לאַנג מיט איהם פּלאָגען!—
איהר ווילט אפשר וויסען וואָס איך האָב צו זאָגען?—
דער ערשטער איז נאַריש — פאַר דאָס בין איך ערב;
דער צווייטער... איז מיינער אַ נאָהענטער קרוב...



דאָ איז ליכטיג, וואַרעם,
לעבעדיג און שעהן.
וואָס איז דאָרט אין חושך,
ווייס נאָר גאָט אַליין...

בין איך דאָ דערוויילע—
אַזוי וואויהל איז מיר!—
און איך האָב חברים
פיעל, גאָר אָהן אַ שיעור.

לעב איך מיר ווי ס'לעבט זיך,
שטעה מיר אויף דער וואַך;
כ'קלער און פאָרש און לערען
ערנסט יעדע זאַך.

כ'האַלט די אויגען אָפען,
כ'קוק אי לינקס, אי רעכטס...
אומעטום דאָס זעלבע:
גוטס געמישט מיט שלעכטס.

נעהם איך דאָס געמישאַכטס,
קלייב דאָס גוטס פון דאָרט—
ס'איז אַ ליעבע אַרבעט,
ביי מיין עהרען וואָרט!

ווערט מיין האַרץ מיר וואַרעם,
ווערט מיין אויג מיר קלאָר,
און די שעהנסטע טרוימען
זעה איך אויפ׳ן וואָר...

קוק איך מיר צופריעדען
מיט אַ ריינעם בליק—
קום צו מיר, מיין חבר,
טייל מיט מיר מיין גליק!

# דער שמעטערלינג

פליהט אַרום אַ שמעטערלינג,
זוכט אַ בלום פאַר זיך;
האָט קיין היים, קיין זיכער אָרט—
פונקט אַזוי ווי איך...

זיינע שונאים שלאָפען ניט,—
שונאים, אוי־אוי־אוי!—
זוכען צו פאַרצוקען איהם—
מיינע אויך אַזוי.

צאָלרייך, מעכטיג זיינען זיי,
ער איז איינזאַם, שוואַך;
אָ, איך וויים עס: ס'איז ביי מיר
אויך די זעלבע זאַך.

דאָך ער קלאָגט ניט; העלפט עס דען?!
נאָר אומזיסט פאַרדרוס—
כ'בין געקומען שוין פון לאַנג
אויך צום זעלבען שלוס.

און ער לעבט אַ גוטען טאָג,
וויל ניט זאָרגען גאָר —
כ'גרים דיך האַרציג, חבר ליעב!—
כ'בין מיט דיר אַ פּאָר.

* * *

האָסט גאָלדענע עפּעלאך דאָ אויף דיין בוים, —
דו דאַרפסט זיי בלויז קענען דערלאַנגען;
האָסט גאָלדענע פישעלאך דאָ אין דיין טייך,—
דאַרפסט וויסען בלויז ווי זיי צו פאַנגען.

דאַרפסט וויסען, דאַרפסט קענען, דאַרפסט האָבען דעם מוט,
און דאַן—ביסטו שטענדיג דער זיגער:
אין יעטווידען ווינקעלע שוועבט אַרום גליק—
און כאַפּען איהם קען, ווער ס'איז קליגער...

# גוט שבת!

עס רודערט און קאָכט בפמליאָ של מעלה;
דער בורא ז'פערנומען, ער רוהט ניט אַ ווײלע;
מלאָכים — זײ אַרבעטען שווער ווי די שקלאַפען:
זײ העלפען דעם בורא זײן וועלט צו בעשאַפען.
דעם שיקט ער נאָך וואסער, דעם שיקט ער נאָך פײער—
ס'טאָר קײן זאַך ניט פעהלען זײן וועלטעל דער נײער—
דעם שיקט ער די מעכטיגע „בלימה" צו ברענגען,
די ערד זאָל בעקוועם זיך אויף איהר קענען הענגען;
ער האָט שוין פאַרפאַרטיגט די זון און לבנה,
צו דיענען דער וועלט אַלס געבורטס-טאָג מתנה.
די ערד איז באַפוצט שוין מיט גראָזען און בלומען,
וואָס אָט'מען און דופטען מיט טויזענד פאַרפומען;
עס פליסען שוין שטראָמען פון בערג צו די פעלדער,
עס הילכט שוין דעם נאַכטיגאַל'ס ליעד אין די וועלדער,
און אַלע די אָקאָרשט בעשאַפענע ברואים
לעבען זיך פרײ גאָר אָהן צרות, ענויים.—
עס דוכט אַז די אַרבעט ז'געווען שוין געפּאַטערט,
דער בורא אַלײן ט'שוין געפּיהלט זיך פאַרמאַטערט,
און דאָך האָט'ס בײ איהם נאָך קײן סוף ניט גענומען:
אַ נײער געדאַנק איז איהם פלוצלינג געקומען,

צו שאַפען אַ בריאה וואָס האָט גאָר קיין פעהלער,
און ער האָט בעשלאָסען צו טהאָן דאָס וואָס שנעלער —
אָט שטעהט שוין אַ גולם פון ליים אויסגעקנאָטען,
און ס'שיינט אַז די אַרבעט איז זעהר געראָטען —
אַנ'אויסערגעוועהנליכע שעהנע פיגורע —
אַ מלאך פון גאָט מיט אַ מענשליכער צורה!
דער בורא ט'אין איהם שוין אריינגעהויכט לעבען,
דער גולם—ער קען שוין אי פיהלען, אי שטרעבען;
ער האָט שוין אמביציעס צו זיין גאָט'ס פאַרוואַנדטער—
און דאָס איז דער מענש, אונזער אַלטער בעקאנטער...

.................................

אַ רגע, אַ צווייטע, אַ דריטע ז'פערפלויגען,
דער בורא—ער קוקט מיט פאַרוואָלקענטע אויגען,
ער האָט זיך פאַרטראַכט, ער'ט געמונען באַקלערען
צי קען פון דעם מענשען אַ לייט אַמאָל ווערען?
ער'ט אויסגעפּרופט גוט אי זיין האַרץ, אי זיין שכל
און האָט איהם באַגריסט... מיט אַ ביטערען שמייכעל.

*

—„מען זעהט איך בין מיעד שוין, די האַנד איז ניט זיכער,
„מען דאַרף צו דער אַרבעט אַ סוף מאַכען גיכער;
„גענוג שוין צו שאַפען: מען וועט פון מיר לאַכען...
„שוין זעקס טעג געאַרבעט... צייט שבת צו מאַכען!"

.................................

גוט שבת! גוט שבת, רבונו של עולם!
דיין מענש איז עד היום אַ ליימענער גולם!...

# איך און גאָט

מיין גאָטעניו, דו האָסט אַליין דאָך באַשלאָסען
אַז איך זאָל אין דיר זיין גערעאָטען,
טאָ וויל איך פאַרגלייכען מיין לעבען מיט דיינעם—
איך האָף, וועסט עס מיר ניט פאַרבאָטען —

איך האָב אין מיין האַרצען צום חבר אַ ליעבע,
איך קען זיך אָהן איהם גוט ניט פיהלען—
און דו ביסט דאָך איינזאַם, טאָ ווער אין דיין עלענד
איז פעהיג דיין בענקעניש שטילען?—

דו האָסט מיך באַשאָנקען מיט ליעבע צו פרויען—
די בעסטע פון דיינע מתנות—
אַליין אָבער בלייבסט דו אַנ׳אייביגער בחור...
איך האָב אויף דיר אמת רחמנות!

דו האָסט ניט ערלויבט מיר צו וויסען מיין צוקונפט,
זי בלייבט פון מיר אימער פאַרבאָרגען;
נאָר דאָס איז אַ מעלה, ס׳מאַכט מונטער דאָס לעבען:
ווי זיס איז צו האָפען אויף מאָרגען!

אַליין אָבער קענסטו פון דעם ניט געניסען:
די צוקונפט—זי שטעהט פאַר דיר אָפען;
ווי לאַנגווייליג ס'מוז זיך דיר ציהען דיין לעבען:
דו קענסט דאָך אויף קיין זאַך ניט האָפען!

דו האָסט מיר געגעבען אַ ווילען אַ פרייען,
צו טאָן אַלע מעגליכע זאַכען;
איך לעב, אויב איך וויל עס, און ווערט עס מיר נמאס—
דאַן קען איך אַ סוף צו דעם מאַכען...

און דו, „דער אַלמעכטיגער", האָסט ניט די פרייהייט,
וואָס איך „דער צעבראָכענער שאַרבען":
מעגסט וועלען, ניט וועלען, דו מוזט לעבען אייביג,
דו טאָרסט ניט, דו קענסט גאָר ניט שטאַרבען...

איך האָב שוין פון יאָהרען געטראַכט און גערעכענט,
וואָס דאָס אַלץ פאַר מיר וואָלט באַדייטען—
און כ'זאָג דיר דעם אמת: אַזוי ווי דו זעהסט מיך,
וועל איך זיך מיט דיר היינט ניט בייטען.

.............................................

# דער וואַלד פּאַרלאַמענט

די וועלט פּראגרעסירט איצט — דאס ווייס יעדער איינער;
רעאַקציאָנער זיין — דאָס וויל איצטער קיינער
איהר ווייסט דאך, די מאָדע איז ניט בלויז אויף קליידער,
נאָר אויך אויף אידעען — דאָס זעהט איהר כסדר.
אזוי איז פּראגרעס איצט א מאָדע געווארען,
און האַלט זיך גאָר פעסט שוין א היבש ביסעל יאָהרען;
ער געהט שוין אריבער פון שטעדט צו די פעלדער
און ס'האָבען דערשפּירט איהם אויך חיות אין וועלדער.
זיי האָבען דערוואוסט זיך פון פיעל נייע זאכען,
וואָס האָבען ערשטוינט זייער שכל דעם פלאַכען.
מען האָט זיי געזאגט, אז פּראגרעס איז ערהויבען,
מען דארף פון איהם האַלטען, מען דארף אין איהם גלויבען.
און איינפיהרען מוז מען איהם ניט בלויז לפּנים,
נאָר גרינדליך — אין אלע מלוכה ענינים.
ס'איז קלאָר זיי געווארען: ניטאָ וואס צו קלערען —
עס מוז א פּארלאמענט געגרינדעט באַלד ווערען —
אן עכטער פּארלאמענט פון וואלד דעפּוטאַטען,
מיט גרויסע פּארטייען, מיט רעדעס, דעבאַטען;
און ס'זאלען געפּאסט ווערען אלע באַשלוסען
דורך מעהרהייט פון שטימען, אהן קריעג און פארדרוסען.

געזאגט און געמאכט — דער פארלאמענט איז פארטיג
און אלץ געהט דארט אָן, אזוי איידעל און אַרטיג.
די זיצונג די ערשטע ז׳אַ יום־טוב געוועזען,
דער לייב האָט זיין טראָן־רעדע דייטליך געלעזען,
און ס׳האָבען דארט אלע בהמות און חיות
געפּיהלט, אז עס קומט עפּעס וויכטיגעס, נייעס.
דער פוקס — פאר זיין שכל און שעהנע מאַניערען —
האָט, לויט אלע פארמען, פרעמיער געמוזט ווערען —
און ער וועט שוין זאָרגען, און ער וועט שוין זעהען,
אז קיינעם אין וואלד זאָל קיין אומרעכט געשעהען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אויף מארגען, געוואוסט האָט מען, יעדער וועט וועלען
די פראגע פון שטים־רעכט די ערשטע צו שטעלען,
כדי מען זאל איין מאָל פאר אלע מאָל וויסען
אַז די און די חיות פון שטים־רעכט געניסען.
מען האָט ניט געצווייפעלט, אז לייבען און בערען
און אנדערע גדולים, ווי טיגרען, פּאַנטערען —
די וואלד־מיוחסים, די פּערען די עכטע —
אז יעדער פון זיי באלד באקומט אַלע רעכטע;
די שאלה ז׳געווען וועגען פראָסטערע גרופּען,
וואָס האָבען דעם מוט ניט פאָראויס זיך צו שטופען —
צי קען מען זיי געבען, צוגלייך מיט מאַגנאַטען,
דאָס רעכט צו ערוועהלט זיין אַלס וואלד־דעפּוטאַטען.
באַזאָנדערס געווארען איז ערנסט די לאַגע





ווען ס'איז נאָר ארויף ווענען אייזלען די פראגע —
עס פליהען פּראָטעסטען פון אלערליי זייטען:
ווי שיקט זיך, אז אייזעל זאָל גלייך זיין מיט לייטען?!
און ס'וואָלט אפשר קיינמאָל קיין סוף ניט גענומען,
ווען פוקס, דער פּרעמיער, וואָלט צו הילף ניט געקומען —
ער האָט פאר די חיות א רעדע געהאַלטען:
„רבותי, וואָס שרייט איהר? וואָס מאַכט איהר דאָ גוואַלטען?
די אייזעלשע חכמה?.. איך ווייס... קיין סכנות;
פארקעהרט, ס'איז נאָך בעסער, — איך שווער בנאמנות!
איהר ווייסט דאָך די ראָלע, וואס מעהרהייט דארף שפּילען,
ס'וועט יעדער פון אייך דאָ אין גיכען דאס פיהלען —
איהר מעגט אייך דאָ רעדען כאָטש גאנצענע יאָהרען,
נאָר האָט איהר קיין מעהרהייט, דאן זייט איהר פארלאָרען;
און אייזלען — זיי האָבען א טבע א גוטע:
איהר קענט מיט זיי דורכקומען יעדע מינוטע...
אָהן אייזעלשע שטימען וועט שווער זיין צו זיעגען,
אָהן זיי איז אוממעגליך א מעהרהייט צו קריגען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די רעדע ט'בארוהיגט די גאנצע חבריא,
און באַלד איז געווארען א שטימונג א נייע,
מען זעהט — יעדער שמייכעלט און קוועלט פון הנאה:
ער האָט שוין פארשטאַנען די גאנצע המצאה!..
דער פוקס האָט געמעגט מיט אַ זיעג זיך באַריהמען,
און היינט אלע אייזלען — זיי שטימען, זיי שטימען...

# דער „גדול״

(מאָטיוו ענטנומען)

איהר קענט אונזער „גדול״, דעם דיכטער, דעם שרייבער?
עס לויפען איהם נאָך אלע מיידלאך און ווייבער,
ער טראגט א צילינדער און געלע שטיבלעטען
און בלאָזט זיך (ווי ס׳טוען די גרויסע פּאָעטען).
ער קוקט ווי פאר׳חלום׳ט און אימער צוטראַגען,
איהר מיינט, אז ער האָט אייך גאָט ווייס וואָס צו זאָגען!
און לעזט איהר זיין שרייבאַכץ — קיין האַרץ און קיין מוח,
אַ „ביליגע אַרבעט״, אָהן טעם און אָהן ריח.
— טאָ וואָס איז זיין יחוס? — אַך, פרעגט ניט קיין קשיא!
איהר רעדט נאָר מיט איהם — איז ער מר בר רב אַשיא. —
איהר מעגט פון איהם שפּאָטען, איהר מעגט פון איהם לאַכען
דאָך אימער אויף זיינע די נאַרישסטע זאַכען
געננוג וועלען זיין — ווי סאיז שטענדיג געוועזען —
בעלנים צו דרוקען, נאַראָנים צו לעזען...

# מיט לייטען גלייך

ווילסט פאַרמיידען צרות,
לעבען שטיל און רוהען —
קריג זיך מיט דער וועלט ניט:
טו, וואָס אַלע טוען.

געה, וואו אויסגעטראָטען,
זוך קיין אַנד'רע וועגען;
קומט אַ נייע מאָדע —
געה איהר גלייך אַנטקעגען.

זאָגט די וועלט אַ מיינונג —
באַמקע צו מ'זאָל הערען;
רופט מען דיך צום „מנין" —
זאָלסטו לאַנג ניט קלערען.

זעה, ווי אַלע זעהען —
אַנדערש וועט ניט טויגען;
דאַרפסט אין פרעמדע קעפּ בלויז
האַלטען דיינע אויגען...

דאָס איז די צוואָה
נאָך פון אַלטע צייטען;
ביסטו זי מקיים —
ווערסטו „גלייך מיט לייטען"...

**
*

אַ מענש איז קיין גזלן, אָ, ניין!
ער ז'גרייט דיר דיין וואונש צו ערפילען,
אויב דו ביסט געשייט נאָר גענוג
אויף שוואַכערע סטרונעס צו שפּיעלען...

ער לאָזט זיך אויך פיהרען ביים נאָז,
אויב דו האָסט זיך קלוג נאָר בענומען:
דו דארפסט בלויז באשפּריצען דיין האַנד
מיט זיינע באַליעבטע פּאַרפומען...

# פּערדישער שכל

צוויי אינגלאַך אין געסעל דאָרט שפּילען אין פּערדלאך,
א קוטשער איז איינער, דער צווייטער — אַ פערד;
דאָס בייטשעלע סוויסטשעט, דער פּערדעלע הירזשעט,
אַ שפּרונג נאָך אַ שפּרונג—און ער פאַלט אויף דער ערד.

דער קוטשער באַשליסט צו באַשטראָפען זיין פּערדעל,
און ווי נאָך באַשטראָפען! ס'איז פּשוט אַ גרויל!
ער נעהמט זיין ברעג שטריקעל און בינדט איהם צום טויער,
דער צווייטער ברעג בלייבט ביי דעם פּערדעל אין מויל.

נו, שטעהט ער און וויינט, עס איז פּראָסט א רחמנות!
דאָ קומט ווער און פרעגט אים: „וואָס איז מיט דיר, קינד?"
— מיר האָבען אין פערדלאך געשפּיעלט מיט מיין חבר
און ער ט'מיך צום טויער געבונדען אַצינד".

— געבונדען? וואָס רעדסט דו?—לאָז אָפּ נאָר דעם שטריקעל,
דאן ביסטו דאָך פריי, אָ, דו נאַרעלע מיין!"
— כ'זאל לאָזען דעם שטריקעל? — יאָ, גוט אייך צו זאָגען:
ווער איך דאָך שוין דעמאָלט קיין פערדעל ניט זיין!..

***

דער מענש האָט קיין נייגונג ניט קריטיש צו קוקען;
ער דאַרף בלויז אַנ׳אָפּגאָט, צו וועמען זיך בוקען —
און אויך בלויז אַנ׳אָפּגאָט אַ ווייטען, אַ הויכען,
צו וועמען ער זאָל גאָר ניט קענען דערגרייכען.
דאָס אַלין, וואָס איז נאָהענט, דאָס קען ער ניט אַכטען;
ער האָט גאָר קיין חשק דאָס גוט צו באַטראַכטען:
עס גלויבט זיך איהם ניט, אז מיט איהם דאָ בשכנות
זאָל מעגליך זיין וואָס עס איז גרויסעס און שעהנעס...
איך מיין, אז אָט דאָס איז די אמת׳ע סיבה,
וואָס גאָט האָט פון אייביג צום הימעל א ליעבע:
ער וויים, ווען ער וואָלט אונזער שכן געוואָרען,
דאַן וואָלט מען צו א י ה ם אויך די אַכטונג פאַרלאָרען...



דו האָב נאָר קיין מורא פאַר לייטישע צינגער,
וועט ווערען דיין לעבען אי פרייער, אי גרינגער.
דיין קאָפּ האַלט וואס העכער, און קוק גאָר אַראָפּ ניט:
א צונג האָט אויך דער, ווער עס האָט גאָר קיין קאָפּ ניט...
בלויז ווער ס'איז קיין לייט ניט האָט מורא פאר לייטען;
ער מיינט, זייער וואָרט קען גאָט ווייס וואָס בעדייטען.
דער קלוגער פארשטעהט און ערקלערט עס גאנץ פּראָסט זיך:
די גאַסען קריטיק איז אנ'אינדיק, וואס בלאָזט זיך;
ער האָלדערט, ער פּילדערט, מאכט נאַרישע זאַכען;
אַ קעלבעל—דערשרעקט זיך, א מענש—וועט בלויז לאכען...

# מלחמה

(מאָטיוו ענטנומען)

— מאַמע, זאָג מיר וואס איז „קריעג״?
וואס איז דאָס „מלחמה״?
כ׳הער עס אָפט... איך מיין, דאָס מוז
שרעקליך זיין, מסתמא!

— פרעג ניט, קינד מיינס, ביזט נאָך יונג
פאַר אַזעלכע זאַכען;
סט׳ווערען עלטער, סט׳געהן אין קלאַס,
ט׳מען דיר קלאָר דאָס מאַכען.

— ניין, מאַמוסיע, זאָג מיר איצט,
ס׳וועט מיר גאָר ניט שאַטען:
פון מלחמה אלע טאָג
רעדסט דאָך מיט׳ן טאַטען.

— נו, וואָס מאַכט מען דאָ מיט דיר?!
כ׳וועל דיר פּרופען זאגען:
„קריעג״ הייסט, ווען ארמעען צוויי
פאַנגען אָן זיך שלאָגען.

איז דאָס אמת? — אָן ארמעע,
אַזאַ גרויסע באַנדע
זאָל זיך שלאָגען? — פו, ניט שעהן,
ס'איז דאָך גאָר א שאַנדע!

יאָ, געדענקסט, ווען חיים'קע
איז צו מיר געקומען,
און א צאַצקע פון מיין טיש
האָט ער צוגענומען?

(ער האָט אנדערע געהאט,
דאָך ט'ער זיך געקוואַפּעט)
ס'טמיך פערדראָסען, און מיר באַלד
האָבען זיך צעדראַפּעט.

פלוצלינג הערען מיר פון שטוב
שרייט אויף אונז דער זיידע:
„אַך, איהר שקצים וואָס איהר זיינט,
„שמיץ בעקומט איהרביידע!

„אַ מלחמה גאָר פארפיהרט —
איהר'ט שוין ביי מיר וויסען!" —
כ'שעם זיך איצט דערמאָהנען דאָס —
מ'האָט אונז אבגעשמיסען...

אמת, שלאָגען זיך אין מיאוס,
אָבער זאָג, פאר װעמען ?
נאָר פאַר קלײנע — דאַרפען ניט
גרױסע מעהר זיך שעהמען ?...

כ'האָב געזעהען הײנט בײ־טאָג
זעהר פיעל סאָלדאַטען ;
קופּער היטלען, שװערדען, העק,
ביקסען און האַרמאַטען.

אַלע געהען פוס אין פוס,
גרױסע, גרױסע מאַסען,
פױקען שלאָגען „טראָם־טראָם־טראָם",
ס'דונערט אין די גאַסען.

זאָג, מאַמוסיע, דאָס מוז זײן
אן ארמעע, מסתמא,
און זײ מוזען דאס איצט געהן
גלײך אין דער מלחמה.

אַך, װי שעהן זײ זעהען אױס !
אלע בראַװע, כװאַטסקע ! —
כ'מײן, זײ האָבען זיך צוקריעגט
אױף צוליעב א צאַצקע...

י. פיראָזשניקאָוו

# ווייב און פאַטערלאַנד

גאַנץ אָפט קומט מיר אויסעט צו זאָגען מבינות
אויף שכנישע לענדער און פרעמדע מדינות;
כ׳ווייז אָן אלע מעלות, פאַרלייקען ניט קיינע —
עס מעג זיין א גרויסע, עס מעג זיין א קליינע:
אָט די לאַנד באַריהמט איז מיט איהרע לאַנדשאפטען,
און דאָרט איז די ערד פול מיט פרוכטבאַרע זאַפטען,
אָט די לאַנד איז רייכער, דאָרט יענע איז שעהנער —
דאָך, היימלאַנד ז׳מיר ליעבער פאר דער און פאר יענער.

דאָס זעלבע איז אויכעט — איך מעג אייך פאַרטרויען —
ווען כ׳דאַרף אַמאָל אָפּשאַצען מיידלאַך און פרויען;
איך שעץ אין זיי אלץ, וואס נאָר גוטס זיי פארמאָגען,
כ׳בין אלע מאָל גרייט א גוט ווארט זיי צו זאָגען,
און כ׳זאָג: די איז שעהן, און יענע — נאָך שעהנער,
און די — גאָר א פּראַכט, זי געפעלט אַלע מענער.
נאָר מעהר פון זיי אַלע איז ליעב מיר און טייער
מיין אייגענע ווייבעל, מיין פריינד מיין געטרייער.

# צו מיין ברודער

כ׳האָב דיך נאָכגעשפּירט, מיין ברודער,
אין די לעצטע שווערע צייטען —
האָסט ניט וואס זיך צו באַריהמען
ניט פאר גאָט און ניט פאר לייטען.

דו האָסט ליעב געהאט שטאָלצירען
מיט דיין חכמה, מיט דיין תורה:
זעה איך אבער דיינע מעשים —
נעהמט מיך אָנעט גאָר א מורא.

שווערד און ביקס — זיי זיינען שטענדיג
די בעגלייטער דיינע טרייע;
כ׳קוק אויף דיר, און כ׳ווייס ניט, כ׳לעבען.
וואָס איז מענש, און וואס איז חיה.

דו געברויכסט דיין בייזע וואפען,
וואו מיט גוטען וואָלט זיין בעסער;
זוכסט קיין פריינדשאפט, מאכסט בלויז שונאים,
צאָלסט פאר ברויט מיט שטיין און מעסער.

אנערקענסט קיין פרייהייט, גלייכהייט —
יעדער מוז זיך פאר דיר בוקען;
וואו דו וואגסט ניט קעמפפען עהרליך,
שטעכסט א שפיז אריין אין רוקען.

ס'אַרט דיך גאָר ניט וויפיעל שאָדען
ס'ברייננגען דיינע קלענסטע זיגען:
ביזט בערייט א וואַלד פערניכטען
בלויז אַ צאָהן־שטעכער צו קריגען.

און נאָך אלעם, זאָג מיר, ברודער,
האָסטו זיך מיט וואס צו פרעהען?
ביסט אין אַל דאָס בייז פארפלאָנטערט,
ווייסט ניט ווי זיך אויסצודרעהען.

כ'וואָלט שוין לאַנג געדארפט דיך האַסען
פאר דיין שלעכטקייט און עקשנות;
קען איך עס ניט — פאָרט א ברודער —
האָב איך גאר אויף דיר רחמנות.

וואָלסט געקענט אין גוטע וועגען
גליק געפינען די והותר;
קענסט עס אבער ניט באגרייפען,
ווייל... דו ביסט א נאַר א גרויסער.

אַבער כ'זאָג דיר: ס'וועט דיין מזל
דיך ניט שטענדיג אלץ באַגלייטען.
ס'קומען אָנעט נייע צייטען —
מעגסט צום „יום הדין" זיך גרייטען...

***

מיין גרעסערער ברודער, דו שטעהסט דאָרט גאנץ הויך,
איך זעה, האָסט מיר עפּעס צו זאגען —
טאָ טו דאס מיט ליעבע און זאג דאָס גאנץ פּראָסט,
כ׳זאָל קענען פארשטעהן און פארטראָגען.

און דאס, וואס דו זאגסט, זאָל בלויז זיין צו דער זאך,
דיין וואָרט זאָל ניט שטעכען, ניט בייסען;
און קום אויך אראָפּ אויף א ווײַלע צו מיר:
ס׳איז שווער דאָך דעם קאָפּ צו פאררייסען...

און בלייבסט דו זיך הויך דאָרט און ווייט גאָר פון מיר,
דאן וועל איך פארפרעמדט פון דיר ווערען:
אַ נאָהענטע ליכטעלע גיט מיר מעהר שיין,
ווי ווייט דאָרט אין הימעל א שטערען...

***

כ׳געה אזוי און קלער זיך:
כ׳בלאָנדזשע אָהן א וועג,
ס׳קומען גרויסע צייטען,
ס׳קומען גרויסע טעג;

יעדער טאָג — אַ יובל,
יעדע שעה — אַ יאָהר;
אָבער... ס׳בלענדט די אויגען,
כ׳זעה קיין זאַך ניט קלאָר...

דאָרטען, גאַר די גרויסע
קאָכען זיך אָהן שיעור,
שמידען דאָרט די צוקונפט —
פרעגען ניט ביי מיר...

קוק איך זיך ארומעט,
ווייס ניט וואו צו געהן,
כ׳זעה פ א ר מ י ר קיין וועג ניט —
זאָל איך בלייבען שטעהן?

שטרענג איך אָן די אויגען —
נאָר אומזיסט דאָס אויך;

כ'וויים, אום ווייט צו זעהען,
מוז מען שטעהן גאנץ הויך...

פלוצלינג נעהם איך צווייפלען,
ס'ווערט דאס האַרץ מיר שוועהר:
אפשר יענע „גרויסע"
זעהען אויך ניט מעהר,

און זיי בלאָנדזשען אלע
בלינד און אָהן א שטעג? —
בלייב איך ביי מיין צווייפעל;
כ'געה און זוך מיין וועג...

# מלך אביון

רופט מען מיך ר׳ דלפון —
דאָס איז וואס איך בין,
צופעליג א גילדען —
דאָס איז וואס כ׳פארדין;
נאָר ס׳איז די והותר:
וויפיעל דאַרף אַ איד?!
כ׳בין דאָך „מלך אביון" —
זינג איך שטאָלץ מיין ליעד...

כ׳טאָג ניט וואו איך נכעטיג,
כ׳געה פון אָרט צו אָרט.
היינט איז דאָ ר׳ דלפון,
מאָרגען איז ער ד אָ ר ט.
קיינער מיך באגעגענט,
קיינער מיך באגלייט:
כ׳בין א פרייער פויגעל,
לעב איך פרייערהייד.

כ׳האָב כמעט קיין צרות,
און תענוגים — פיעל:
ס׳שיינט די זון אין הימעל,
ס׳בלאָזט א ווינטעל שטיל,

כ׳געה דורך גרינע פעלדער,
בלומען אומעטום, —
טויזענד וואוילע זאכען —
קוק זיך נאָר ארום!

כ׳קריעג זיך מיט דער וועלט ניט,
כ׳מאַך קיין שונאים ניט;
כ׳גיב איהר אַלץ וואָס כ׳האָב נאָר,
כ׳נעהם בלויז וואס מען גיט...
כ׳זעה דאָרט יענע גרויסע
כאַפּען אויך קיין גליק...
וואָס זשע טויג דאָס האַוועןְ?! —
ציה איך זיך צוריק.

כ׳זאָרג ניט פאר דער צוקונפט:
ווער ווייס צ׳איז זי מיין?!..
אלע מענשענס „מאָרגען"
וועט דער זעלבער זיין...
האָסטו עטוואָס שכל? —
האָב קיין זאָרג, קיין צער;
לעב, כל זמן עס לעבט זיך!
לעב, און זיי קיין נאר!..

# אַפּאָריזמען

## און געדאַנקען אין פּראָזאַ

דאָס מענשליכע לעבען איז אַ ים פול מיט פּאָעזיע; אָבער הנאה האָבען פון איהר קען בלויז דער, וואָס ליידט ניט פון ים קראַנקהייט.

*

דאָס רוב מענשען לעבען גאָר ניט, נאָר עס לעבט זיך זיי...

*

דאָס לעבען איז ניט קיין וויסענשאפט, נאָר אַ קונסט.

*

„צייט איז געלט", טאָ זיי ניט קיין פאַרשווענדער; אָבער זיי אויך ניט קיין קמצן.

*

אַ מענש האָט מעהר שכל ווי אַ חיה; אָבער אויך מעהר נאַרישקייט.

*

אין באַצוג צו מאָראַל פאַרנעהמט אַ חיה דעם מיטעל-פּלאַץ צווישען אַ גוטען און אַ שלעכטען מענשען.



דער מאַסען־מענש איז אימער מעהר גענויגט צו בוקען זיך צו אַ קאַלב, ווי צו אַ גאָט.



מענשען און לוחות האָבען בלויז אַ צייטווייליגע באַדייטונג, און ווען מען דאַרף זיי שוין מעהר ניט, פאַרגעסט מען אַפּילו די בעסטע פון זיי.



גליק איז אַנ'איידעלע פּאָעטישע שטימונג, צו וועלכער פאַרגרעבטע נאַטורען זיינען גאָר ניט פעהיג.



יעדער גליקליכער מאָמענט, ווי קורץ ער זאָל ניט זיין, שפּיעלט אין אונזער לעבען די ראָלע פון אַ פאַקעל: אַליין פערנעהמט ער ווענינ אָרט, אָבער ער לייכט ווייט אַרום זיך.



ווער עס וויל זיין גליקליך, דאַרף זיין אַן'אַלכעמיקער. ד. ה., ער דאַרף קענען פון אַלץ מאַכען „גאָלד".



דאָס רוב מענשען קויפען זייער גליק; איינינע גנב'ענען איהם, אָדער נעהמען איהם מיט גוואַלד; איינינע געפינען איהם צופעליג; — אָבער זעלטען ווער עס קען אַליין אויפבויען זיין גליק צעבּיסלאַכוויוו, לויט אַ גוט אויסגעאַרבייטען לעבענס־פּלאַן.

*

מענשען זיינען ווי שטערען: פונדערווייטען זעהען זיי אויס נאָהענט איינער צום אַנדערען, באמת אָבער איז יעדער איינער פון זיי אין זיין אַטמאָספערע איינזאם.

*

אונזער „העכערע" געזעלשאפט וועט גיכער אריינגעהמען אין איהר קרייז אַ מענשען אָהן אַ קאָפּ, איידער אַ מענשען אָהן אַ צילינדער-הוט.

*

אַ פּענכער איז ניט מערקבאַר, כל זמן ער איז ניט אָנגעבלאָזען. מיט דעם ערקלערט זיך, פאַרוואָס געוויסע מענשען בלאָזען זיך שטענדיג: זיי האָבען מורא, אַז אָהן דעם וועט מען זיי ניט באמערקען.

*

דער פּענכער האָט זיך אָנגעבלאָזען פון גאוה וועגען; אָבער מיט דעם האָט ער געוויזען, ווי פּוסט ער איז.

*

אויב איך שטרעב אַמאָל צו שטעהן העכער ווי אַנדערע, איז עס בלויז, ווייל איך וויל זיין הויך; אָבער איך זוך קיינמאָל ניט צו זיין הויך, בלויז כדי צו שטעהן העכער ווי אַנדערע.

*

די עלטער האָט זיך איהרע פאַרגעניגענס, פּונקט ווי דער ווינטער האָט זיינע; מען דאַרף זיך צו זיי בלויז גוט צו־גרייטען באַצייטענס.

*

די עלטער ווערט געוועהנליך באַטראַכט, ווי עפּעס א גרויסע פאַרדיענסט, און אַלע גיבען איהר אָפּ גאָר אָהן א שיעור כבוד. און מערקווירדיג איז דאָס, וואָס מענשען זיינען אימער בערייט אָפּצוגעבען דער עלטער מעהר כבוד, ווי א וועלכער עס איז אַנדער  א מ ת ׳ע ר  פאַרדיענסט — מעג זי זיין אַפילו די גרעסטע — דאָס ערקלערט זיך, ערשטענס, מיט דעם, וואָס די עלטער זעהט זיך אָן מעהר בולט, ווי אַנדערע, אמת׳ע פערדיענסטען; צווייטענס, ערוועקט זי ביי קיינעם קיין קנאה ניט; און דריטענס, איז יעדער איינ׳ער זיכער, אַז מיט דער צייט וועט ער אַליין אויך געניסען דעם זעלבען כבוד, בעת אין באַצוג צו אַנדערע פערדיענסטען, פעהלט אָט די זיכערהייט...

*

דער כבוד, וואָס מען גיט אָפּ אַנ׳אַלטען, קען איהם ניט פאַרשאַפען קיין גרויס נחת: ער ווייס, אַז נאָך מעהר כבוד גיט מען אָפּ א בר מינן...

*

דער מענש געפינט זיך שטענדיג אונטער דעם דרוק פון זיין עלטער: די יוגענד דריקט איהם פון אינוועניג, ווי דער גאז אין אַ פּולען לופט־באַלאָן, וואָס ציהט איהם אינ־דערהויך און מאַכט איהם פליהען; בעת די עלטער דריקט איהם פון דרויסען, ווי אַנ׳ענגער שוך, וואָס פאַרשאַפט אַ וועהטאָג און שטערט דעם פרייען גאַנג.

*

אַ פרוי איז אַ רעטעניש; נאָר, אום גאָטעס ווילען, זוכט זי ניט צו טרעפען: איהר וועט חרטה האָבען...

*

אַ פרוי שטעלט מיט זיך פאָר דאָס רוב ניט מעהר ווי אַ ליברעטאָ, צו וועלכער אַ מאַן דאַרף שאַפען די מוזיק.

*

צו קענען האַלטען אימיצען אין די הענט, מוז אַ מאַן האָבען „שטאַרקע הענד״, און אַ פרוי — שעהנע...

*

אַ קאָקעטישע פרוי איז ווי אַ ברען־גלאָז: זי שיסט ארום זיך מיט פייער, און אַליין בלייבט זי קאַלט.

*

אויסנוצען ליעבע בלויז צוליעב תאוה, איז ווי פאַר־שווענדען אַנ׳אוצר אויף נאַשעריי.

*

דער פייער פון ליידענשאַפטען ווירקט פאַרשיידען: אייזערנע כאַראַקטערען ווערען אין איהם פאַרהאַרטעוועט, הילצערנע — ווערען פאַרברענט.

*

שקלאַפען פון אַלערליי מינים זיינען אַבשייליך; אַפילו שקלאַפען פון ליעבע.

*

כל זמן אייפערזוכט שווייגט, איז זי אַ געפיהל; פאַנגט זי נאָר אָן צו ריידען, איז זי אַ נאַרישקייט.

*

פרויען באַקלאָגען זיך אָפט אויף דער אייפערזוכט פון זייערע מענער, כדי צו דעמאָנסטרירען זייער ערפאָלג ביי אַנדערע.

*

מען זאָגט, אַז אייפערזוכט איז נאַריש, ווייל זי באַפאַלט אָפט אַ מענשען אָהן געניגענדע אורזאַכען; אָבער טוט דען ניט די ליעבע דאָס זעלבע?...

*

דער מנהג צו באַדעקען די כלה פאַר דער חופה האָט דעם זעלבען זין, צוליעב וואָס דער שטראוס פויגעל מאַכט צו די אויגען אין אַ מאָמענט פון אַ געפאַהר.

*

די מאָדע איז ווי אַ נידריגע טיר: מען איז מיט איהר ניט צופרידען, אָבער מען בויגט דעם קאָפּ.

*

אַ מנהג איז ווי אַ פּראָסט: אונטער זיין ווירקונג קען די פוילסטע זאַך האַלטען זיך אַ לאַנגע צייט.

*

אין רעוואָלוציאָנערע צייטען געהט גאַנץ אָפט אַפּילו דער גרעסטער פינסטערלינג מיט'ן וועג פון פּאָרטשריט: אויפ'ן שטראָם פון טייך וועט אַפּילו אַ פוילער קלאָץ פּראָגרע־סירען אין זיין באַוועגונג.

*

דער בעסטער רעכטער שטיוועל טויג ניט פאר א לינקער פוס...

*

דער נאָמען, וואָס אַ מענש האָט, איז פּונקט ווי זיין שאָטען: זיי ביידע שטעלען פאָר דעם מענשען טאָ גרעסער, טאָ קלענער; אָבער זעלטען ריכטיג.

*

די פּאָפּולאַריטעט פון געוויסע קהל'שע „טוער" מעג אין געוויסע הינזיכטען פאַרגליכען ווערען מיט אַ בילד פון אַ צווי־בער־לאַנטערנע: פאַר זיי ביידע פּאָדערט זיך: אַ פאַרגרע־

סערונגס־גלאָז, אַ קינסטליכע באַלייכטונג, און אַ פינסטערע סביבה...

*

ס'איז דאָ אַ סאָרט מענשען, וואָס זיינען ווי נעבעל וואָל־קענס : זיי טראָגען זיך הויך, אָבער גאָר אָהן אַ טאָלק ; זיי פאַרשטעלען בלויז די זון...

*

אין אונזער אונגערעכטער וועלטעל קען מען באַקומען ניט בלויז טורמע, נאָר אויך אונשטערבליכקייט גאָר ניט פאַרדיענטערהייד.

*

ענערגיע איז אַ טייערע מענשליכע אייגענשאַפט, און דעריבער טאַקי דאַרף מען זי ניט פאַרשווענדען אויף קליי־ניגקייטען.

*

באַשיידענהייט איז גנאַץ אָפט בלויז אַ דיפּלאָמאַטישער מיטעל צו צווינגען אַנדערע, צו זאָגען אונז דעם געווינשטען קאָמפּלימענט.

*

ביי צופיעל באַשיידענהייט קען אויך דער וויכטיגסטער מענש בלייבען אונבאַמערקט : אפילו די לופט וואָס מיר אָטע־מען פיהלען מיר ניט, כל זמן זי איז צו־שטיל...



א הון פליהט אראָפּ פון בוידעם מיט א גרוים געפּילדער; אנ'אָדלער הויבט זיך אויף צום הימעל שטיל אָהן גערויש.



דער טיעפסטער אָפּגרונד שרעקט ניט דעם, וואָס האָט פליגעל...



א „נשמה-מענש“ זוכט אימער אריינצוטראָגען אין יעדען פיזישען אקט וואָס מעהר גייסט; א „בעל הגוף“ טוט פונקט פארקעהרט.



ס'איז דאָ אזא מין פון „הילצערנע נשמות“, וואס קענען ברענען פון איין זייט, און פון דער אנדער זייט בלייבען קאַלט...



די נשמה קען אויך האָבען מאָזאָליעס...



גאָר ניט וועניג מענשען וואָלטען גערן געשטרעבט צו הויכע אידעאלען; די צרה איז אבער מיט זיי, וואס ווי זיי פאנגען נאָר אָן צו הויבען זיך אינדערהויך, פארדרעהט זיך זיי דער קאָפּ...

*

וואָס איז שכל? — דאס ערקלערען מענשען זעהר פארשיידען; ווייל יעדער איינער, רעדענדיג וועגען שכל, נעהמט פאר א ביישפּיעל זיין אייגענעם.

*

קלוגע טוען מעהר נאַרישקייטען צו געפעלען די נאַראָנים, ווי די נאַרען טוען קלוגע זאכען צו געפעלען די קלוגע.

*

ס'איז פיעל צו באַדויערען, וואס די ערפינדונג פון ברילען באציעהט זיך בלויז צו די אויגען, און ניט צום שכל...

*

מען זאגט, אז דער מזל איז בלינד; ס'איז אָבער שווער דאָס צו גלויבען, זעהענדיג, ווי גרינג ער זוכט אוים דעם נאָר...

*

די אַלטע חכמים זיינען אין פיעל הינזיכטען געוועזען גאַנץ אנדערש, ווי די היינטיגע געלעהרטע; די נאַרען אבער זיינען אימער די זעלבע...

*

דער גרעסטער וואונדער אין דער נאַטור, וועגען וועלכען מען קען נאָר דענקען, איז די מענשליכע פעהיגקייט צו דענקען.

*

דאס ווירקליכע לעבען מעג זיין באגרעניצט; דער געדאנק אבער דארף אימער זיין פריי.

*

געדאַנקען און היטלען זיינען גוט בלויז דעמאָלט, ווען זיי זיינען צוגעפּאַסט צו דער מאָס פונ׳ם קאָפּ, וואס דארף זיך מיט זיי באנוצען.

*

א וויץ איז א חנ׳דעל פון געדאנק.

*

געדאַנקען, פּונקט ווי בלומען, געפינען זיך אָפט אין פאַרוואָרפענע ווינקלען, וואו מען באַמערקט זיי ניט, און מען טרעט זיי מיט די פיס...

*

די נאַטור האָט געשאפען דעם מענשען אזוי, אז די ליפען עפענען זיך בלויז ווען מען וויל דאס, די אויערען, אבער, זיינען שטענדיג אָפען. דאָס מיינט: ריידען מ ע ג מען, אבער הערען מ ו ז מען.

*

קענען ריידען איז א קונסט; קענען הערען איז א טוגענד.

*

א דיסקוסיע, פונקט ווי א מאַסאַזש, ברענגט נוצען נים גלייך פונ׳ם ערשטען מאָל.

*

ווען א מענש וואָלט נים געקענט ריידען, וואלט ער נים געהאט די מעגליכקייט צו זאגען אזוי פיעל דורך שוויי־גען...

*

„ריידען איז זילבער, שווייגען איז גאָלד” — צאָל זשע נים מיט גאָלד, ווען מען בעט ביי דיר זילבער...

*

ריידען איז פיעל לייכטער ווי שרייבען; אפילו גאָט אליין, וואס פלעגט ליעב האָבען צו פארברויכען אויף משה׳ען גאַנצע ניין מאָס רייד, האָט פאַר דער גאַנצער צייט אָנגעשריעבען פאַר איהם נים מעהר ווי צוויי לוחות...

*

אמת און ליגען, ווי פייער און וואַסער, קענען קיינמאָל נים לעבען בשלום; און דאך מוזען זיי גאנץ אָפט אנקומען איינער צום אנדערען.

*

ריינעם אמת און ריינעם ספירט געברויכט מען זעל־טען...

*

אמת איז ווי זונען־שיין: מען לויבט איהם, און מען באַהאַלט זיך אין שאָטען...

*

אמת און ליגען איז ווי היץ און קעלט; א היבש ביי־סעל זאַכען דאַרף מען האַלטען אין קעלט: אויב ניט, װעלען זיי קאַליע ווערען...

*

מענשען האָבען שוין אזא טבע, אז פאר זיי זיינען אלטע ליגענס טייערער ווי נייע אמת'ען.

*

ניט יעדער איינער װ ו י ל זאגען דעם אמת; ניט יעדער איינער ק ע ן זאגען א ליגען.

*

אלץ בייט זיך מיט דער צייט; אפילו דער אמת.

*

ס'איז דאָ אַזאַ זאך ווי א „הייליגער ליגען"; ס'איז אויך אבער דאָ א פּאָדלער אמת.

*

בילדונג איז פאר א קלוגען — א קלייד, און פאר א נאַר — א פייגען־בלאַט.

*

עס פאַדרעט זיך א היבש ביסעל בילדונג צו באַהאַל־
טען עם הארצות.

*

די פּאָעטען שעפּען זייערע העכסטע אידעען אין די
טיעפּעניסען פונ'ם פאָלקס־גייסט. זייערע ווערק זיינען ווי
א רעגען, וואס פאַלט פון אויבען, און שטאַמט פון אונטען.

*

אלע מאָל, ווען די פערעהרער פון א גרויסען קינסטלער,
ווען זיי ווילען אויסדריקען איהם זייער אכטונג, שפּאַנען אויס
זיינע פערד און שפּאַנען זיך איין אליין — איז גאַנץ מעג־
ליך, אז די פערד נעהמען די דאָזיגע אָוואַציע אויף זייער
אייגענעם רעכענונג...

*

קאַלטע קונסט איז, ווי נאַסער פולווער...

*

אין קונסט איז יעדע קלייניגקייט א גרויסע זאַך.

*

קליין איז די קונסט, וואס שאַפט ניט קיין פריינד־
שאַפט; און קליין איז די פריינדשאַפט, וואָס וואַקסט ניט
דורך קונסט.

*

צו פאַדערען, אז מיליאָנען מענשען זאלען זיך גאר ניט רעכענען מיט זייער אייגענעם געשמאַק, און זאָלען אין פערלויף פון זייער גאַנצען לעבען אַלע טאָג עסען איין און די זעלבע קאַשע, אין די זעלבע טעלער, מיט די זעלבע לע-פעל, און אין דער זעלבער צייט — צו פאַדערען אזא זאך וואָלט, ווי עס פערשטעהט זיך, געווען נאַריש. אָבער צו פאַדערען, אַז די זעלבע מיליאָנען מענשען זאָלען האָבען איין און דעם זעלעבן באגריף וועגען גאָט, און זאלען אוים-דריקען זייער באַציעהונג צו איהם אין איין און דער זעל-בער פאָרם מיט די זעלבע ווערטער און אפילו מיט די זעל-בע באוועגונגען — דאס אלץ ווערט באטראכט פאר קלוג. אזוי איז שוין די מענשליכע לאָגיק.

*

אונזער קאָכיגע, פארדרעהטע וועלטעל נויטיגט זיך אין קרומע קעפּ מעהר ווי אין גלייכע: פאר אנ׳אויוועון איז די גלייכסטע זאַך א קאָטשערע...

*

דאָרט וואו רייכקייט קען ניט פארקלענערען דעם אומ-גליק, פארגרעסערט זי איהם.

*

פון די, וואס יאָגען זיך נאָכ׳ן כבוד, דערגרייכען איהם פריהער ניט די לויפער, נאָר די „קריכער"...

*

זעהר אָפט איז דער טייוועל ניט אזוי שווארץ, ווי ד ע ר, וואס מאָלט איהם...

*

א קעמעל גרייכט ווייטער, ג ע ה ע נ ד י ג, ווי א הון, פ ל י ה ע נ ד י ג.

*

פאר קליינע זאכען זיינען קליינע מענשען בעסער, ווי גרויסע.

*

אין א פינסטערער נאכט לייכט דאס קלענסטע פייע־רעל גאנץ ווייט.

*

אנ׳איינציגער טראפּען איז א טראפען ; א טראָפּען אין ים איז א ים.

*

אויפהויבען זיך הויך איבער דער ערד, מיינט נאָך ניט זיין נאָהענט צום הימעל.

*

האַלט די אויגען אימער אָפען ; אפילו אינדערפינ־סטער !

*

ווען א נאכטיגאל זינגט, פליהט ער ניט, און ווען ער פליהט, זינגט ער ניט: ער וויים, אז קיין וויכטיגע זאך טאר מען ניט טהאן אויף העלפט.

*

„הכל הבל”, האט געזאגט קהלת; אויב אזוי, איז דאך אט די פילאסאפיע זיינע אויך א הבל'דיגע — טא לאמיר טאקי א זוך טהאן א בעסערע.

# א י נ ה אַ ל ט :

1



2